פאַרלאַג „די נייע יידישע פאלקסשול״
סעריע „פאלקלאר״ .№ 2

# יידישע שפּריכווערטער

## פאר שול און פאמיליע

צונויפגעשטעלט לויט
פארשיידענע זאמלונגען

פון

ש. באסטאמסקי.





ווילנע — 1920.



דרוקעריי ברידער ראָזענטאל, רודניצקער 7.

# הקדמה.

א גרויסן אייגנס פון שפריכווערטער, ווערטלאך און ריידנסארטן האט דאס יידישע פאלק אין משך פון דורות געשאפן. גרויס, אומ- געהייער גרויס איז דער וואונדער-אוצר פון דער יידישער שפראך.

יארן לאנג האט אבער דאס פאלק פון זיין אייגנס ניט געוואוסט, הגם מע זאגט אפילו, אז יעדער ארימאן ווייס פון זיין פארמעגן ...

ווייל ווייט איז געווען די אינטעליגענץ פון פאלק, ווייט פון זיין שפראך און ווייט פון דעם געדאנק, אז די פאלקסשא- פונג איז אן אוצר, אז עס מוז געזאמלט, אפגעהיט און אויסגעפארשט ווערן.

פאר דער לעצטער צייט ערשט האבן זיך באוויזן עט- לעכע זאמלונגען פון יידישע שפריכווערטער און ווערטלאך (א. בערנשטיין, י. פיראזשניקאוו, נח פרילוצקי עלזעט א. א.) דער צונויפגעזאמלטער מאטעריאל איז נאך, אמת, ניט קיין פולקומער, דאך איז ניט אפצושאצן די נוצן, וואס ער קען ברענגען דער נייער פאלקסטימלאכער יידישער שול.

די אנגעוויזענע זאמלונגען טראגן אבער א ריין פאלקלא- ריסטישן כאראקטער און קענען ניט דערלאזן ווערן אין שול אזוי ווי זיי שטייען און גייען. א גרויסער מאטעריאל פון זיי, ווי אויך די סיסטעם, לויט וועלכער זיי זיינען צונויפגעשטעלט, זיינען ניט צוגעפאסט פאר קינדער.

דער צונויפשטעלער פון דעמדאזיקן ביכעלע האט זיך דעריבער געשטעלט פאר אן אויפגאבע אויסקלייבן די פאסיקע שפריכווערטער, סיסטעמאטיזירן זיי לויט די באגריפן און אריינ- ברענגען זיי אין שול און אין פאמיליע, געבן זיי דעם שילער אין האנט.

דאס ארט ערלויבט ניט אפצושטעלן זיך גענוי אויף דער גרויסער באדייטונג פון פאלקסשאפונג בכלל *) און פון שפריכ-

(זע 3-טע זייט פון דער הילע)

---

*) גענוי וועגן דעם אין דער הקדמה פון דער נייער זאמלונג שפריכווערטער און ווערטלאך פון דעם זעלביקן מחבר, וואס דארף גאר אינגיכן ערשיינען.

## טאַטע-מאַמע. שטיפמאַמע. קינדער.

1. עס איז ניטאָ קיין געטרייערס פון אַ מוטער.
2. לעבן דער זון איז גוט צו זיצן,
לעבן דער מאַמען איז גוט צו וואוינען.
3. ביי אַ מאַמען איז ניטאָ קיין מיאוסע קינדער.
4. ביי פאָטער און מוטער איז קיין קינד ניט איבעריק.
5. אַ מאַמע האָט גלעזערנע אויגן.
6. אַ קינד אָן אַ פאָטער, איז אַ האַלבער יָתום.
אָן אַ מוטער — אַ גאַנצער יָתום.
7. דער פאָטער איז געטריי, ווען די מוטער שטייט
דערביי.
8. פאָטער און מוטערס בּרָכָה,
ברענגען דעם קינד הצלָחָה.
9. אויף אַן אייגן קינד, זיינען עלטערן בלינד.
10. פאַר געלט קויפט מען אַלץ,
אָבער טאַטע-מאַמע ניט.
11. אַ שטיפמוטער איז אַ שטאָכמוטער.
12. אַ שטיפמוטער גיט דעם קינד דאָס ערשטע פון טיי
און דאָס לעצטע פון קאַווע.
13. אַזוי ווי ס'איז ניטאָ קיין בּעזים אָן ריטער,
אַזוי איז ניטאָ קיין גוטע שטיפמוטער.
14. פאַר אַ גוטע שטיפמוטער שטייט אַ גאָלדענער
שטול אין גַן-עֵדן.

15. מיט דער מאַמען איז דער טאַטע אַ פּאָטער,
מיט דער מומען איז ער אַ פעטער.
16. אַ יָתום האָט אַ סך מאַמעס.
17. איטלאַכעס קינד ווערט געבאָרן מיט זיין מַזל.
18. אויף גוטע קינדער מעג מען יענעם מקַנא זיין.
19. פון קינדער ווערן לייט.

## לערנען. העגען.

20. תּורה איז די בעסטע סחורה.
21. די תּורה האָט ניט קיין גרונט.
22. אַז מ'וויל אַ זאַך לערנען כסדר,
מוז מען יונגערהייט גיין אין חדר.
23. אַז מע וויל, קען מען; אַז מע זוכט געפינט מען.
24. אַ מייסטער ווערט ניט געבאָרן.
25. תּורה קומט ניט בירושה.
26. לערן אויפן קול, וועט בלייבן אויף אַלע מאָל.
27. ווילסט ניט,הער ניט, אָבער דעם אַנדערן שטער ניט.
28. אַן מע קען ניט און מע ווייס ניט,
נעמט מען זיך ניט אונטער.
29. וואָס טויג דעם פויער אַ זייגערל,
אַז ער קען עס ניט אָנדרייען.
30. אַ פויער קאָך אים אין זיס און אין זויער
בלייבט ער אַלץ פויער.

## נאַר. חָכם. שׂכל. נאַרישקייט.

31. אַ נאַר איז אַ גזר.
32. מיט אַ נאַר איז אַן אייביקער צַער.

33. אַ נאַר — כאָטש דעם אויוון שפּאַר.

34. אַ נאַר איז אַ קאַליקע אויף אַלע גלידער.

35. אַ בלינדער איז קראַנק אויף די אויגן, אַ שטומער איז קראַנק אויפן מויל, און אַ נאַר — איז קראַנק אויף אַלע רמח אֵברים.

36. אַ טויטן באַווײנט מען זיבן טעג,
אַ נאַר — דעם גאַנצן לעבן.

37. אַ נאַר ווייזט מען קיין האַלבע אַרבעט ניט.
אַז מע שיקט אַ נאַר די לאָדן פאַרמאַכן,
פאַרמאַכט ער זיי אין דער גאַנצער שטאָט.

38. אַז אַ נאַר גייט צווישן די קראָמען,
פרייען זיך די קרעמער.

39. וואָס טוט אַ נאַר?—ער מעסט איז אַ רעשעטע וואַסער.

40. אַ נאַר לאַכט דריי מאָל.
(דאָס ערשטע מאָל — ווייל אַלע לאַכן; דאָס צווייטע מאָל — אַז מע פרעגט אים פאַרוואָס ער לאַכט; דאָס דריטע מאָל — אַז מע דערציילט אים דעם וויץ פון דער מעשה, דאַן לאַכט ער ערשט רעכט).

41. אַ נאַר זאָגט וואָס ער ווייס,
אַ קלוגער ווייס וואָס ער זאָגט.

42. אַ חכם עסט כדי ער זאָל לעבן,
אַ נאַר לעבט, כדי ער זאָל עסן.

43. אַז אַ נאַר שווייגט, ווערט ער אויך גערעכנט צווישן די קלוגע.

44. רוף מיך נאַר, נאָר גיב מיר לעקאַך!

45. אַז נאַראָנים האָבן ליב זיס, האָבן קלוגע אויס=געטראַכט.

46. שטויס דעם נאַר אין שטייסל, זאָגט ער, אַז מ׳מיינט גאָר ניט אים, נאָר דעם פעפער.

47. מיט אַ נאַר טאָר מען קיין קאַטאָוועס ניט טרייבן.

48. בעסער מיט אַ קלוגן צו פאַרלירן
אײדער מיט אַ נאַר צו געפינען.

49. בעסער מיט אַ קלוגן אין גֵיהינום,
אײדער מיט אַ נאַר אין גן־עדן.

50. בעסער אַ פּאַטש פון אַ חכם,
אײדער אַ קוש פון אַ נאַר.

51. אַז אַ נאַר וואַרפט אַריין אַ שטיין אין וואַסער,
קענען צען קלוגע ניט אַרויסנעמען.

52. אַז אַ בלינדער לויפט און אַ נאַר קויפט,
קומען ביידע שלעכט אָן.

53. אַז אַ קרומער לויפט און אַ נאַר קויפט,
קומען ביידע גלייך אָן.

54. אַז מ׳האָט ניט אין קאָפּ, מוז מען האָבן אין די פיס.

55. אונטערן נאָז וואַקסט שוין
און אין קאָפּ איז נאָך ניט פאַרזייט.

56. אַ נאַר איז אַ נביא.

57. אַ נאַר אַ נאַר און שאָקלט זיך.

58. איטלאַכער נאַר מיינט, אַז ער איז קלוג.

59. אַ נאַר דערקענט מען אָן פנים,
אַ קלוגן — אָן די ויגן.

60. אַ נאַר גיט, אַ קלוגער נעמט.

61. אַ חכם בויט אַ שטוב און דער נאַר צעברעכט זי.

62. דער קלוגער באַהאַלט זיין שכל,
דער נאַר ווייזט זיין נאַרישקייט אַרויס.

63. איין נאַר קען מער פרעגן,
איידער צען קלוגע קענען ענטפערן.

64. דעם קלוגן העלפט אַ וואָרט,
דעם נאַרן העלפט אַפילו קיין בייטש אויך ניט.

65. צוויי פאַלן צו לאַסט: אַ נאַר צווישן קלוגע און
אַ קלוגער צווישן נאַראָנים.

66. אַז דער קלוגער באַנאַרישט זיך,
בלייבט ער אויך אַ נאַר.

67. כעס מאַכט אַ קלוגן צום נאַר.

68. ווען ס׳וואָלט ניט געווען מיין נאַר,
וואָלט איך אויך געלאַכט.

69. אַ פרעמדער נאַר איז אַ געלעכטער,
אַן אייגענער איז אַ שאַנד.

70. אַ פרעמדער נאַר איז כאַ, כאַ, כאַ!
אַן אייגענער איז — אַך! אַך! אַך!

71. פון ליידיקע פעסער איז דער טומל גרעסער.

72. פאַר געלט באַקומט מען אַלץ,
נאָר קיין שכל ניט.

73. געבאָרגטער שכל טויג נישט.

74. גליק אָן שכל איז אַ לעכערדיקע קעשענע.

75. נאַרישקייט און שטאָלץ וואַקסן אויף איין האָלץ.

76. וואָס טויג די חכמה אַז די נאַרישקייט גילט.

77. דאָס לייכטסטע איז צו געבן יענעם אַן עצה,
דאָס שווערסטע — זיך אַליין.

78. פריער געמאַכט און נאָכדעם באַדאַכט,
האָט שוין ניט איינעם פיל צרות געבראַכט.

79. אין דער יוגנט אַ בהמה, אויף דער עלטער אַ פערד.

80. ביז זיבעציק יאָר לערנט מען זיך און מ׳שטאַרבט
א נאַר.
וואו מ׳דאַרף מוח העלפט ניט קיין כוח.

## וואָרט. ריידן. שווייגן.

81. אַ גוט וואָרט ברענגט אַ גוטן ענטפער.
82. איטלאַכס ווערטל האָט זיך זיין ערטל.
83. אַ וואָרט און אַ פייל—ביידע האָבן גרויסע אייל.
84. דאָס וואָרט אין מויל איז אַ האַר,
פון מויל איז עס אַ נאַר.
85. ווערטער זאָל מען וועגן און ניט ציילן.
86. גרינג צו זאָגן, שווער צו טראָגן.
87. אַ בייזע צונג איז ערגער ווי אַ שלעכטע האַנט.
88. די צונג איז דעם מענטשנס גרעסטער שונא.
89. גענייט און געשטעפט, געשפינט און געוועבט,
און אַלץ מיט דער צונג.
90. ריידן איז זילבער, שווייגן איז גאָלד.
91. אַביסל גערעדט און אַ סך געמיינט.
92. מ׳רעדט פון פיין אַזוי ווי פון וויין.
93. רייד ניט אין די אויגן קיין חניפה
און טו ניט הינטער די אויגן קיין רציחה.
94. ס׳איז אַ ווייטאָק צו ריידן,
און שווייגן—פלאַצט די גאַל.
95. אַז מע שווייגט קריגט מען דעם בעסטן חלק.
96. געשווויגן הייסט אויך גערעדט.
97. פאַר שווייגן קומט אַמאָל מער שכר ווי פאַר ריידן.
98. הער און זע, קוק און שווייג.

# אמת. ליגן.

99. אַן אמת מעג מען זאָגן אויף אַן אייגענעם טאַטן.
100. ווייניקער אַ וואָרט, אַבי דעם אמת.
101. דער בעסטער ליגן, איז דער אמת.
102. אַ האַלבער אמת, איז אַ גאַנצער ליגן.
103. אַז אַ ליגנער זאָגט אַן אמת,
גלויבט מען אים אויך ניט.
104. אַ ליגנער מוז האָבן אַ גוטן זיכרון.
105. איטלאַכער האָט ליב דעם אמת,
אָבער ניט איטלאַכער זאָגט אים.
106. דער ליגנער רעדט זיך זיינע ליגן אַזוי איין
ביז ער גלויבט זיך אַליין.
107. ער זאָגט נאָר צוויי מאָל אין יאָר אַ ליגן:
זומער און ווינטער
108. זיין וואָרט וואָלט זיין אַ בריק, וואָלט איך מורא
געהאַט אַריבערצוגיין.
109. אויף זיין וואָרט קען מען בויען אַ קלויסטער.
110. אָפּנאַרן קען נאָר איין מאָל.
111. פון ווייט/ נארט מען לייטן, פון נאָנטן—זיך אַליין.

## זען און הערן.

112. דאָס אויג איז קליין, דאָך זעט עס די גאַנצע וועלט.
113. איין אויג האָט מער גלויבן, ווי צוויי אויערן.
114. בעסער גוט געזען, איידער שלעכט געהערט.
115. וואָס דו זעסט ניט מיט דיינע אויגן,
פאַרזיכער ניט מיט דיין מויל.
116. מיט וואָס פאַר אַן אויג מ׳קוקט איינעם אָן,
אַזאַ פנים האָט ער.

117. מיט איין אויג זעט ביי דיר דער בלינדער מער,
וויִ דו ביי אים מיט צוויי אויגן.
118. וואָס וואָלט דער בלינדער געהאַט צו קלאָגן,
ווען ער וואָלט דעם וועג געזען!
119. ווען איין בלינדער פירט דעם צווייטן,
פאַלן ביידע אין גרוב אַריין.
120. צוויי בלינדע שלאָגן זיך איבער אַפּאָר ברילן...
121. אַ בלינדער פערד טרעפט גלייך אין גרוב.
122. די אויערן מוזן הערן, וואָס דאָס מויל רעדט.
123. שיק דיינע אויערן אין די גאַסן.
124. ווענט האָבן אויערן, גאַסן האָבן אויגן.

## אַ ר ב ע ט.

125. אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס.
126. אַרבעט איז קיין שאַנד.
127. אַרבעט ברענגט ברויט, פוילקייט — נויט.
128. מלאָכה איז אַ מלוכה.
129. אַז מ׳האָט אין דער האַנט אַ מלאכה,
קומט אין שטוב אַריין די ברכה.
130. די שווערסטע מלאכה איז ליידיק צו גיין.
131 אַ מלאכה איז אַ פאַנצער פאַר דעם דלות.
132. טו נאָר פלייסיק דיין מלאכה,
וועט שוין קומען די מזל ברכה.
133. דער דלות פאַרשווענדט, וואו עס אַרבעטן די הענט
134. געבראָטענע טייבעלאַך פליען ניט אין מויל אַריין.
135. האָרעווע מיידעלע, וועסטו האָבן אַ קליידעלע.
136. אַליין קען מען עסן, אָבער ניט אַרבעטן.

If Book Is Not Available Return This Slip To

Hebrew Division, Harvard College Library
Cambridge, Mass. 02138

- ☐ Sold. Order Cancelled
- ☐ Out of Print. Searching for 2nd hand copy
- ☐ Out of Print. Order Cancelled
- ☐ Not Yet Published. Order on File. ☐ Not Yet Published-Cancelled

Please confirm order:

- ☐ Series
- ☐ Reprint
- ☐ Author's Correct Name ☐ Cost
- ☐ Juvenile
- ☐ Other

137. פיל הענט מאַכן מיט דער אַרבעט באַלד אַן ענד.

138. פיל הענט ברעכן מויער און ווענט.

139. ניט אַזוי מאַכט זיך, ווי עס טראַכט זיך.

140. ניט אַזוי טוט זיך, ווי עס רעדט זיך.

141. אַ סך מלאָכות און ווייניק ברכות.

142. אַלע שוסטער גייען באָרוועס.

143. צווישן אַלע שוסטער איז דער בעסטער שניידער יאָסל דער סטאָליער. ער מאַכט אַ היטל ליגט עס אויפן קאָפּ ווי אַ הענטשקע...

## פּוילקייט.

144. אַ פוילער שלאָפט זיצנדיק און אַרבעט ליגנדיק.

145. אַ פוילער שליח געפינט אַלע תירוצים.

146. ביי אַ פוילן וואַקסט דער וועג אונטער די פיס.

147. דער פולער ווערט פלייסיק, ווען אַלע גייען שלאָפן.

148. אַז מ'איז פויל, האָט מען ניט אין מויל.

149. מער שלאָפן, ווייניקער לעבן.

140. ווער עס ליגט אויפן אויוון,
דער באַקומט ניט קיין בייגל.

151. גאָט שיקט ניט פון אויבן, אַז מ'ליגט אויפן אויוון.

152. אָרימקייט און פוילקייט זיינען צוויי ברידער.

## אָרימקייט. נויט. הונגער.

153. אין אייוועלע — קיין פענדעלע, אין שטייגעלע — קיין הענדעלע, אין בייטעלע — קיין רענדעלע.

154. אַז ס'איז ניטאָ אין טאָפּ, איז ניטאָ אין טעלער.

155. אַז מ'האָט ניט קיין ברויט,
איז ערגער ווי דער טויט.

156. אַז דער מאָגן איז לעער, איז דערשלאָף שווער
157. אַז מע לייגט זיך אָן וועטשערע,
איז נידעריק צוקאָפּן.
158. אַז מע לייגט זיך ניט געגעסן,
שטייט מען אויף ניט געשלאָפן.
159. אַז מ׳האָט נעכטן געגעסן, איז מען היינט ניט זאַט.
160. די פיש פון טייכעלע איז נאָך ווייט פון בייכעלע.
161. פאַר אַ הונגעריקן בייכל איז קירבעס אויך אַ מאכל.
162. מע דערקענט נאָך די באַקן ווי די ציינער קנאַקן.
163. פון ברויט מיט קרויט ווערן די באַקן רויט.
164. אַן אָרימאַן האָט אַ בייזן שלים־מזל.
165. — שלים־מזל וואו גייסטו?
— צום אָרימאַן.
166 דעם אָרימאַן איז תמיד דער ווינט אין די אויגן
167. — ווען פרייט זיך דער אָרימאַן?
— אַז ער פאַרלירט און געפינט.
168. יעדער אָרימאַן ווייס פון זיין חשבון.
169. דער דלות לייגט זיך צום ערשטן אויפן פנים.
160. נויט איז ערגער ווי דער טויט.
161. די נויט שאַרפט דעם שכל.
172. נויט ברעכט אַייזן, דלות ברעכט שלעסער.
173. אָרימער דאַך, וואָס קנאַקסטו?

## דאַגה. זאָרג. צָרָה.

174. איטלאַכער מאָרגן ברענגט זיינע זאָרגן.
175. צרות לייגן זיך ניט אין די קליידער,
נאָר אין די ביינער.

176. צרות טרייבן דעם מענטשן אויף בית=הקברות.
177. פערל אויפן האַלז, שטיינער אויפן האַרצן.
178. וואָס קומט אַרויס פון דעם זילבערנעם בעכער׳
אַז ער איז פול מיט טרערן?
179. דאָס אייבערשטע קלייד
פאַרדעקט די אונטערשטע לייד.
160. די גאַנצע וועלט זאָרגט: די זאָרגט, וואָס ד׳
פערל איז צו שיטער, און די אַנדערע זאָרגט,
וואָס די פערל=גריץ איז צו שיטער.
181. אַ שיינע וועלט, אַ ליכטיקע וועלט,
נאָר ווי פאַר וועמען.
182. די האַלבע וועלט לעבט ווי שררות,
די אַנדערע,—לעבט אין צרות.
183. שימחות אויף אַן אייל, צרות אויף אַ מייל.
184. ווען מ׳לאַכט זעען אַלע,
ווען מ׳וויינט זעט קיינער ניט.
185. איבערגעקומענע צרות איז גוט צו דערציילן.
186. — ווען פרייט זיך דער הויקער?
— אַז ער זעט אַ גרעסערן פון זיך.

# מזל. גליק. שלימזלניק.

187. אַ גוט מזל עלטערט זיך ניט.
188. אָן מזל זאָל דער מענטש גאָרניט געבאָרן ווערן.
189. אַז דאָס מזל איז קליין—כאָטש זעץ זיך און וויין.
190. בעסער מזל אַ פונט, איידער גאָלד אַ פוד.
191. עלטערן קענען אַלץ געבן, נאָר ניט קיין מזל.

192 דאָס גליק אַליין העלפט ניט דעם מענטשן,
וחען דער מענטש העלפט ניט מיט.

193. אַז דער באַלעבאָס איז אַ שלימעזאַלניק,
איז דער גנב אַ בריה.

194. אַז די באַלעבאָסטע איז אַ קאַץ,
איז די קאַץ אַ באַלעבאָסטע.

# רייכקייט.

195. איטלאַכער עושר האָט זיין יושר.

196. יעדער גביר האָט זיין מזל.

197. דער גביר בלאָזט זיך
און דער אָרימאַן ווערט געשוואָלן.

198. מיט עשירות טאָר מען זיך ניט איבערנעמען.

199. אַז מ'איז געזונט, איז מען רייך.

200. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע איז ניט אויף אייביק.

201. דאָס גוטע געדענקט זיך לאַנג,
דאָס שלעכטע—נאָך לענגער.

# שפּאָרן, קאַרגן.

202. אַז מע שפּאָרט ניט דעם גראָשן,
קומט מען ניט צום קערבל.

203. וואָס מע שפּאָרט אָפּ איז דערנאָך ווי געפונען.

204. אַ שפּאָרער איז בעסער ווי אַ פאַרדינער.

205. אַן אָפּגעשפּאָרטער גראָשן איז צוויי מאָל פאַרדינט.

206. פון קערנדלאַך אַ הייפעלע,
פון טראָפּעלאַך אַ טייכעלע.

207. אַ ביסל און אַ ביסל ווערט אַ פולע שיסל.

208. שפּאָר באַצייטן, ווען סטו ניט אָנקומען צו לייט.
209. אַ קאַרגער זופּט יויך מיט אַ גאָפּל
און טרייסלט נאָך אָפּ...
210. שפּאָר שפּאָר, קומט דער שוואַרץ יאָר
און נעמט צו גאָר.
211. אַ קאַרגער גביר איז דער ערגסטער קבצן.

## פאַרדינען. האַנדלען. באָרגן.

212. בעסער אַ האָן אין האַנט,
איידער אַן אָדלער אין הימל.
213. אַז אַביסל איז גוט, איז אַסך נאָך בעסער.
214. אַ שטענדיקער גראָשן איז בעסער פון אַ זעלטענעם
רובל.
215. אַז מע האַנדלט מיט טאַבאַק, האָט מען אַ שמעק;
אַז מע האַנדלט מיט האָניק, האָט מען אַלעק.
216. גוטע סחורה לויבט זיך אַליין.
217. בעסער גוט און אַביסל,
איידער שלעכט און אַפולע שיסל.
218. צען דינגען און איינער קויפט.
219. קאַרג באַדונגען און ערלאַך באַצאָלט.
220. חרטה איז ניט מעשה סוחר.
221. אַז עס מאָלט זיך אין מיל,
איז אינדערהיים רואיק און שטיל.
222. אַז די מיל הערט אויף צו מאָלן,
הערט דער מילנער אויף צו צאָלן.
323. באָרגעלע לאַכעלע, צאָלעלע וויינעלע.

224. אַז מע באָרגט איינעם געלט,
קויפט מען זיך אַ שונא.
225. ווער עס באַדאַרף ניט צו באָרגן,
דער לעבט אָן זאָרגן.
226. לאַנג געבאָרגט און אַליץ ניט געשענקט.
227. בעסער ביים ערגסטן צו האָבן,
איידער דעם בעסטן שולדיק צו זיין.
228. לייען און באָרגן מאַכן גרויסע זאָרגן.

## כאַפּן. גַנבענען.

229. אז מע כאַפּט, בריט מען זיך אָפּ.
220. אַז מע כאַפּט, גיט מען איבער די הענט.
231. ווער עס וועט כאַפּן, דעם וועט מען קלאַפּן.
232. איז דאָס דיין, וואָס כאַפּסטו;
איז דאָס ניט דיין, וואָס זשע כאַפּסטו?
23ȝ. אַז מע גיט — נעם, אַז מע כאַפּט—שריי גוואַלד.
234. אויף דעם גנב ברענט דאָס היטל.
235. אַ גנב האָט לאַנגע הענט און קורצע קעשענעס.
(ד. ה. ס'קען ניט אַזוי פיל אַריין אין זיינע
קעשענעס וויפיל ער קען גנבענען).
236. פאַר אַ גנב איז קיין שלאָס ניט פאַראַן.
237. פאַר אַ היימישן גנב קען מען זיך ניט איינהיטן
238. אַ גנב האָט קיין הצלחה ניט.
239. אַז די גנבים קריגן זיך,
קומט דער פויער צו זיין קו.
240. אַזוי לאַנג מ'כאַפּט ניט דעם גנב ביי דער האַנט,
הייסט ער קיין גנב ניט.

241. דער גנב פאַר דער טיר איז דער בעסטער שומר.
242. אַז מע באַדאַרף האָבן דעם גנב,
נעמט מען אים אַראָפּ פון דער תליה.

## מענטש.

243. אַ מענטש איז אַמאָל שטאַרקער פון אײַזן און
אַמאָל שלאַפער פון אַ פליג.
244. אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך ניט צונויף,
אָבער אַ מענטש מיט אַ מענטשן — יאָ.
245. איטלאַכער מענטש איז אויף זיך אַליין בלינד.
246. לייכטער צען לענדער, איידער איין מענטשן
צו דערקענען.
247. אַז אַ מענטש קומט אַרײַן אין היץ, הערט ער
ניט דעם דונער און זעט ניט דעם בליץ.

## ליבע און פרײַנדשאַפט.

248. וואו ליבשאַפט, דאָרט איז קיין ענגשאַפט.
249. וואו שלום, דאָרט איז ברכה.
250. גוט-ברודערשאַפט איז בעסער ווי רײַכקייט.
251. ניט דאָס איז שיין, וואָס ס'איז שיין,
נאָר דאָס איז שיין, וואָס ס'איז ליב.
252. אויף אַ צעריסענע פרײַנדשאַפט קען מען קיין
לאַטע ניט לייגן.
253. אַ גוטן פרײַנד באַקומט מען אומזיסט,
אַ שונא דאַרף מען זיך קויפן.
254. בעסער דער שונא זאָל זען מיין גליק,
איידער איך — זיין אומגליק.

255. נייע פריינד באַקומען, אַלטע ניט פאַרגעסן.
256. אַלטע ליבע ראָסט ניט.

## צ י י ט.

257. אויף איטלאַכער זאַך איז דאָ אַ צייט.
258. די צייט איז טייערער פון געלט.
259. צייטן בייטן זיך.
260. דער וואָס קומט פריער, דער מאָלט פריער.
261. דער שווערסטער פעלץ איז אום ווינטער נרינג; דאָס גרינגסטע העמד איז אום זומער שווער.

## האָפענונג, מוט.

262. אַז מע קען ניט איבערהאַרן דאָס שלעכטע, קען מען דאָס גוטע ניט דערלעבן.
263. כל־זמן דער מענטש האַלט נאָך די אויגן אָפן, זאָל ער נאָך האָפן.
264. אַפילו אַז דער מענטש זעט שוין די גרוב אָפן, זאָל ער ניט אויפהערן צו האָפן.
265. געלט פאַרלאָרן—האַלב פאַרלאָרן, מוט פאַרלאָרן — אַלץ פאַרלאָרן.



ווערטער בפרט פאר דער נייער יידישער שול, איין זאך וואלט זיך נאר וועלן ביי א געלעגנהייט אונטערשטרייכן: דער לערער פון דער נייער יידישער שול, און ניט פון יידיש אליין, נאר אויך פון די איבעריקע לימודים טאר אויף קיין מינוט ניט פארגעסן, אז די שפראך זיינע דארף זיין (און דאן קען מען זיכער זיין, אז אויך די שפראך פון די קינדער וועט זיין) דורכגעקנאטן און דורכגעזאפט מיט פאלקס-ווערטלאך, פאלקס-אויסדריקן און שפריכווערטער. אויב ניט, וועט זי זיין ניט פאלקסטימלאך, ניט לעבעדיק ניט יידיש...

דער ערשטער פרוב, צו שאפן א עכט וועלטלאכע פאלקסטימלאכע יידישע שול אין ווילנע, איז געמאכט געווארן דורך א גרופע לערער צוזאמען מיטן דאמאלדיקן קאמיטעט פון „מפיצי השכלה״.

די שילער פון דער דאזיקער שול אין דעם פערטן יאר-טאג פון איר עקזיסטענץ שענקט דער צונויפשטעלער דאס ביכעלע א הארציקע מתנה.

ש. באסטאמסקי

## אינהאלט

זייט
מאטע, מאמע, שטיפ-
מאמע, קינדער — — 1
לערנען, קענען — — 2
גאר, חכם, שכל, נארוש-
קייט — — — — „
ווארט, רעדן, שווייגן — 6
אמת, ליגן — — — 7
ארבעט — — — — 8
פוילקייט — — — — 9
ארימקייט, נויט, הונגער „

זייט
דאגה, זארג, צרה — 10
מזל, גליק, שלימזלניק 11
רייכקייט — — — — 12
שפארן, קארגן — —
פארדינען, האנדלען.
בארגן — — — — 13
כאפן, גנבענען — 14
מענטש — — — — 15
ליבע און פריינדשאפט „
צייט — — — — 16
האפענונג, מוט — — „

